# פ אָ ר װ אָ ר ט

באַלד נאָכדעם ווי פוילן איז באַפרייט געוואָרן פון דעם נאַצי־אָקופּאַנט האָבן מיר מיט גרויס נייגער געלייענט יעדע שורה אין די ידיעות וועגן די לעבנגעבליבענע פּוילישע יידן. מיר האָבן צווישן אַנדערע געזוכט נעמען פון לעבנגעבליבענע יידישע שרייבער, פּאָעטן, וויסנשאַפטלער, פּעדאַגאָגן און קולטור־בויער בכלל. עס האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט וויסן, צי אין דעם פאַרנעם אויפצובויען אַ ניי יידיש לעבן אין פוילן וועלן קלעקן גייסטיקע כוחות.

איז פאַר אונדז געווען אַ פרייד אַנצוטרעפן זיך אויף אַ גאַנץ היפּשער צאָל אַזעלכע נעמען — נעמען באַקאַנטע און נעמען נייע. צווישן די נייע האָבן מיר אין אַ צאָל זשורנאַלן און צייטונגען פון פוילן באַגעגנט דעם נאָמען — ש. מיצמאַכער.

פון זיינע לידער האָט זיך געפילט אַ טיפע בענקשאַפט צו זיין היים־לאַנד, אַ געבעט עס זאָלן „נישט פאַרווייעט ווערן די שפורן פון זיין יונגן טראָט". מיר האָבן אויך פון זיינע לידער אַרויסגענומען אַ טיפן גלויבן אין דעם ווידערגעבורט פון אַ ניי און געזונט יידיש לעבן אין אַ נייעם פוילן.

האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז דער יונגער דיכטער איז געקומען צו אונדז אין קאַנאַדע. ער האָט זיך תיכף געשטעלט אין דינסט דער יידישער פאַרגעשריטענער קולטור־באַוועגונג ביי אונדז אין לאַנד. ער איז איצט אין פּראָצעס פון אַקלימאַטיזירן זיך אויף גאָר אַן אַנדערן אופן ווי אַנדערע פריש־אַריבערגעקומענע טוען עס. ער זאַפּט אין זיך איין דאָס אַנדערשדיקע איבעם לעבן דאָ־הי. ער גייט נישט פאַרביי זאַכן און פאַסירונגען ער זאָל זיי נישט באַמערקן. דאָס נייע לעבן לאָזט אויף אים אַ חותם.

דאָס איצטיקע ביכל לידער איז פון אַן אַנדערער וועלט און פון אַן אַנדערער צייט — אַ גרויליקע צייט. עס זענען זיינע ערשטע טריט. מען קאָן דערוואַרטן, אַז דער יונגער דיכטער וועט אונדז בקרוב אָנהייבן געבן לידער פון דעם היגן לעבן און דערמיט מאַכן אַ וויכטיקן בייטראָג צו דער יידישער קולטור, וואָס ווערט געשאַפן אויפן קאַנאַדער באָדן.

דער לייענער וועט זיך באַקענען מיט אַ יונגן דיכטער, וואָס זאָגט צו זייער פיל; מיט אַ דיכטער, וועלכער וועט העלפן באַרייכערן אונדזער גייסטיק לעבן.

י. גערשמאַן

די קליינע זאַמלונג באַשטייט פון עטלעכע פאַרמלחמהדיקע לידער, די איבע־ריקע זענען געשאַפן געוואָרן די לעצטע יאָרן.

מיט דער דאָזיקער זאַמלונג לייג איך אַ גרונטשטיין פאַר אַ מצבה צום ליכטיקן אָנדענק פון מיינע קיינמאָל נישט פאַרגעסענע מאַמע און שוועסטערס — די האַרציקע פאָלקס־זינגערינס, היימישע טע־אַטער־שפּילערינס, און שטענדיקע ביכער־לייענערינס, וועלכע זענען אַזוי אומדערבאַ־רעמדיק פאַרניכטעט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע באַרבאַרן.

ש. מ.

## מיין מאַמעס נישט פאַרלאָשענע טרער

מאַמע, דו זעסט ווי דורכגעלעכערט
שוין עס זענען מיינע שיך ? —
פון לאַנגן וואַנדערן צעריסן כ׳האָב
די קליידער שוין אויף זיך.

מיין מאַמע שווייגט.
איר שטיל שלוכצן נאָר איך הער.
עס שפּיגלט זיך אַ ליכטיקער מיין גורל
אין איר קלאָרער טרער.

**וואַרשע, 1937**

## באַזאַר אין אָוונט

עס דרימלט שוין איצט דער באַזאַר.
אויף דעכער פון הילצערנע קלייטן רוען די שטערן.
דער בלינדער בעטלער זינגט נאָך אַלץ זיין ליד,
נאָר ס'וויל אים שוין קיינער נישט הערן.

שפּעט.
אַ לעצטער דורכגייער טראָגט אַהיים
אויף איינגעבוקטע
פּלייצעס זיין שווערן טאָג מי אויף אָפּרו.
און הינטער אים דער וועכטער — פאַרשלאָפן
שליסט־אָפּ שוין דעם טויער.

שטיל.

וואַרשע, 1937

# אָ ו ו נ ט י ק ע  ש אָ ט נ ס

אָוונט. ס׳טריפן קילע טראָפּנס אויף די שויבן,
שאָטנס דרימלען שווער אויף פייכטע ווענט.
מיין שוועסטער זיצט ביים פענצטער איינגעבויגן,
עפּעס שטריקט זי דאָרטן מיט שוין מידע הענט.

די צווייטע האָט נאָך אַלץ קיין פרייע צייט נישט
און טרייבט דאָס רעדל פון דער ניי־מאַשין.
די זון האָט אויסגעמאָסטן שוין די לעצטע וויטן
און זי איילט זיך אויסצופאַרטיקן דעם ציל. *)

די עלטסטע גאָר האָט ערגעץ ווייט פאַרבענקט זיך,
אַ פאַרטרוימטע זיך פאַרגאַנגען אין אַ ליד.
מיט יעדן טאָן אַ ליבלעכע דערמאָנונג
טויכט־אויף אין איר גוטהאַרציקן געמיט.

אַ פאַרזאָרגטע זיצט די מאַמע אין אַ ווינקל,
באַקלאָגט דעם גורל פון איר יעדן קינד.
אינדרויסן רוישט ווי ס׳וואָלט איר מיטגעפילט
אַ האַרבסטיק־טריבער ווינט.

קראָקע, 1937

---

*) פאַך־אויסדרוק, סכום אַרבעט.

# איך שלעפּ מיין לעבן

איך שלעפּ מיין לעבן שטאָל־פאַרעקשנט
שווער אַזוי אויף גרויסער ערד.
איינגעשפּאַנט אין טאַטנס וואָגן —
בין איך מיר אַליין אַ פערד.

איך בין אַליין, אַליין דער שמייסער,
לאָז איך נישט פון האַנט די בייטש.
טרייב זיך אונטער: ריר זיך פערדל,
ווייס וואָס לעבן איז דער טייטש!

אַזוי שווער עס איז דער וועג מיר —
בערגער, טאָלן, פינצטער — נאַכט.
כ׳האָב מיט טאַטנס פערד־און־וואָגן
מיילן פיל שוין דורכגעמאַכט.

העי, ווער פאַרט דאָרט מיר אַנטקעגן,
זאָג, נאָך וויט זיך ציט דער וועג? —
דאָרט ביים ראַנד זיך רירט דער טאָג שוין,
און די נאַכט אַנטלויפט מיט שרעק.

אַפּט, 1938

## אין מיין היימלאַנד

אין מיין היימלאַנד אויף יענער זייט גרענעץ,
שטייט אַ פֿאַרלאָזטע מיין שטאָט.
דאָרט זענען נאָך שפּורן פֿאַרבליבן
פֿון מיין יונגן, אומרואיקן טראָט.

ערשט נישט לאַנג, איך געדענק, כ׳האָב
געשפּאַנט דאָרט
אַריבער דעם בריקל צום דאָרף,
און נישט איינמאָל אַ פּאַן אַ צעפּלאַמטע
אויף דראָטן געטאָן אַ פֿאַרוואָרף.

ווי אַ סימן וואָס איז דאָרט פֿאַרבליבן,
הענגט נאָך דאָס שנירל אַצינד.
און דער בוים וואָס געקוקט האָט פֿונווייטנס,
בלעטערדיק רעדט צו דעםווינט.

געדענקסט נאָך דעם בחור דעם בלאָנדן ?
איך גלויב, אַז ער וועט נאָך דאָ זיין.
ער וועט אויסוואָגלען אַלע וועגן,
נאָר די ערד דאָ וועט בלייבן זיין היים.

הערט דער ווינט דאָס און לאָזט זיך אַ פֿרייער
אַוועק איבער וועג, איבער שטאָט,
נאָר נישט צו פֿאַרווישן די שפּורן
פֿון מיין יונגן אומרואיקן טראָט.

מאָסקווע, פֿעברואַר, 1940

# אַ מענטש האָט זיך פאַרבענקט

אַ מענטש האָט אין לאַנגן, שטויביקן וואָגל
פאַרבענקט ווי אַ קינד זיך צום אָרט פון געבוירן.
כאָטש דער מענטש האָט אין גרויער,
פאַרוואָרפענער געגנט,
די שפורן צוריק צו זיין היים שוין פאַרלוירן.

נאָר אים האָט דער דמיון אויף פליגל געטראָגן,
ביז וואַנען ער האָט צו זיין וויג זיך דערקליבן.
פאַרנאַכט דורך אַ שטויביקן נעפּל דערזען :
פון זיין הויז זענען נאַקעטע ציגל געבליבן.

איז וואָס זאָל ער טאָן אויף די חורבות אַצינדער ?
און וואָס וועט אים העלפן זיין אבלדיק קלאָגן ?
אויב ער וועט זיך פרעגן אויף בלוט פון די נאָנטע —
וואָס וועלן די שטיינער די קאַלטע אים זאָגן ?

אַמאָל פלעגט די זון אין פאַרנאַכט אַזאַ צאַרטע
זיך שפּילן מיט שטראַלן אויף אָט־אָ דער מויער.
איצט הילט זי אַרום מיט אַ בלוטיקן אָפּשיין,
אַ פאַרוואָגלטן מענטש — אין זיין צער,
אין זיין טרויער.

לאָדזש, 1946

## אין מיין נייעם הויז

און זע: אויף בלוי־פּיאַלעטע ווענט
ברעכן שאָטנס טרויעריק די הענט.

מיט געבלומטן טישטוך איז דער טיש געדעקט,
נאָר פון קיינעם, קיינעם נישט פאַרפלעקט.

ס׳זאָל לייכטער זיין אויף בלייערנעם געמיט,
פעלט די זיסקייט פון אַ היימיש ליד.

עס פעלט די מאַמע אין מיין נייעם הויז,
זי זאָל זאָגן: קאַלט אין גאַס,
גיי נישט, קינד, פון שטוב אַרויס.

**לאָדזש, 1946**

## קום מיט מיר, מיין קינד

קום מיט מיר, מיין קינד, איך וועל ווייזן
דיר דאָס אָרט פון מיין געבוירן.
כ׳האָב דאָרט מיין ערשטע פרייד געפונען,
די לעצטע פרייד פאַרלוירן.

מיט אָט־דער גאָס פלעגט באַגינען
שפּאַנען יעדן טאָג דיין גרויער זיידע.
און פרום אַזוי געווען עס איז זיין תפילה,
ביז זיין לעצטער רגע פון עקידה.

דו זעסט דעם שוואַרץ־פאַרקוילטן בוים ? —
אין זיין שאָטן האָט אַמאָל געהילט זיך אונדזער הויז.
און איצט, פון אונטער חורבות און פאַרלאָזטע שמות
קוקט דער עלנט אונדזערער אַרויס.

קום צום גרינעם ברעג פון שמאָלן טייך —
כ׳האָב אין מידקייט דאָרטן אַלע מאָל גערוט.
דאָס וואַסער שווינדלט אין די אויגן רויט,
עס האָט נישט אויסגעלייטערט זיך נאָך אַלץ
פון בלוט.

צוריקגיין וועלן מיר מיט אַט־אָ יענעם וועג,
ער וועט אונדז פירן צו דער אַלטער בריק.
דורכוואַנען אונדזער עדה איז אַוועק,
און זיך שוין נישט אומגעקערט צוריק.

איך זע, מיין קינד, עס האָט דאָס אָוונט־רויט
צעשפילט זיך אין דיין בלויער טרער.
באַרואיק זיך, מיין קינד, איך וועל
דיך מער נישט פירן דאָ אַהער.

**לאָדזש, 1946**

## דער לעצטער העלד

אין לופט אויפגעריסענער הענגט נאָך
דער טומל פון שלאַכטן.
און אונטן אויף חורבות נאָך וואַכט
אַ באַביקסנטע וואַכטע.

ס׳איז אַ העלד נאָך אין געטאָ פאַרבליבן.
ער קוקט פון צעלעכערטער מויער
אַראָפּ אויף פאַרבלוטיקטן שלאַכט־פעלד
מיט זיג און מיט טרויער.

נאָר באַלד ווערט זיין בליק—אַ שפּיז אַ פאַרשפּיצטע,
אַ פאַנצער — זיין ברוסט די אַנטבלויזטע.
ווערט פאַרשטומען דאָס לעצטע געווער, —
נישט פאַרשעמען אים וועלן די פויסטן.

אָט שאַרט ווי אַ שלאַנג זיך דער שונא
צו אים דורך צעפאַלענע טרעפּ.
נאָר ס׳שיטן זיך שטיינער מיט שמעטער
אויף רוצחישע קעפּ.

הילכט־אָפּ אַ ווילדער באַפעל :
— זאָל מיט דער מויער צוזאַמען
ד׳ער מורד פאַרשווינדן אין פלאַמען !

און ס׳פּילט שוין דער שלאַכטמאַן ווי ס׳לעקן
די פיס זיינע גליאיקע צונגען.
און איטלעכער עס נעמט אים דאָס פייער פאַרשלונגען,
פון פלאַקער עס טראָגט זיך זיין לעצטער געשריי :

— נ י י ן !

איך וועל נישט פאַרגיין !

**לאָדזש, 1946**

# אויף שפּורן פון טויט

אָט דאָס איז דער בלומען־גאָרטן.
עס קוויקט זיך מיט זון דער ווייסער שפּיטאָל.
און אָט איז דאָס שמאָלע טייכל
וואָס זילבערט זיך אין שטילן טאָל.

מיט אָט־דער סטעזשקע איז מיין ליבסטע
געלאָפן פון טויט זיך באַהאַלטן.
איר שרעק האָט גערירט דאָס ווייכע האַרץ
פון דעם דאָקטאָר דעם אַלטן.

אָ, דאָקטער געטרייער !
דעם אמת פאַר מיר נישט פאַרהויל.
זאָל איך וויסן דעם גרויליקסטן גרויל
פון מיין מיידלס יונגן טויט.

דער דאָקטער שווייגט. ער קוקט אויפן
בילד וואָס ציטערט אין מיינע הענט.
דורכן פענצטער האָט דער זון־פאַרגאַנג
ווי מיין ווייטיק זיך צעברענט.

**לאָדזש, 1946**

## ש נ י ט

װי קינדער זיך טוליען די קערנער די פולע
אין װאַרעמער שױס פון דער צײַטיקער זאַנג.
אַ װינט האָט אַ שטרענגער פון װאו זיך פאַרקליבן
צום שלאַנק־אױפגעװאַקסענעם גאָלדענעם שטאַנג.

דאָס פעלד האָט—אַ פליסיקער טײַך זיך צעכװאַליעט,
אין אומדערבאַרעמדיקן װילדן געװיטער.
בײַם ראַנד פונעם װעג האָבן בײַמער צערױשט זיך,
פול בלעטער פאַרלױרן אין צװײַגיקן ציטער.

דער שטורעם שטילט־אײַן. באַנומען פון פחד
עס שטײען די זאַנגען — די קעפּ געבױגן.
די טױען אױף לאַנגע און פײַכטלעכע בלעטער
פינקלען װי טרערן אין מענטשלעכע אױגן:

װײַל מאָרגן שױן װעלן די גלאַנציקע סערפּן
מיט שאַרפקײט פאַרשנײַדן די צײַטיקע זאַנג, —
װען פאַלן דער טאָג װעט אױף סנאָפּעס שױן מיד
װעלן שניטערס זיך לאָזן אַהײם מיט געזאַנג.

לאָדזש, 1946

## דער עפּלבוים

די בענקשאַפֿט צערט דעם עפּלבוים,
אַז שיטער ווערט זיין קילער שאָטן.
אונטער אים עס שטייט די באַנק
מיט בלעטער גאָלדענע באַשאָטן.

ס׳ליגט איינזאַם, שטום דער גרויער שטעג,
וואָס ציט אין וועלדל און פֿאַרפֿירט.
ער בענקט אַלץ נאָך דעם יונגן פּאָר,
וואָס האָט אין שאָטן דאָ שפּאַצירט.

עס ווייסט דער קוסט ביים ראַנד פֿון וועג
וואָס עס איז מיט זיי פֿאַרלאָפֿן.
ס׳האָט דער טויט זיי אומגעריכט
אין אַ שוצגראָבן געטראָפֿן.

דער עפּלבוים האָט ערשט די נייס
די בייזע פֿון דעם ווינט געהערט,
און אויף דער באַנק אַראָפּגעלאָזט
זיין לעצטע בלעטערדיקע טרער.

לאָדזש, 1946

# אויף אַ חרובער גאַס

אין שטילקייט פאַרקלעמט ליגט די חרובע גאַס.
פאַרשטומט איז דער אייזערנער קלאַנג
פונעם ברונעם.
הינטער דער שטאָט דער בלויער טייך,
באַקלאָגט זיין וויסטן פּנים.

אַרום דעם פלומפּ עס מייסטערט דער ווינט,
ווי אַמאָל דער באַבערדיקטער שמיד.
דערנעבן זיך שוואַרצן פאַרברענט
דעם וואַסערטרעגערס הילצערנע טריט.

דאַכט זיך אויס אַ קול זיך צעהילכט
פון אַ בלינדן פענצטער אַרויס :
— ס'נייגט דער טאָג זיך באַלד שוין צום סוף,
און קיין וואַסער איך האָב נישט אין הויז.

אָוונט. אויף אַ צעבראָכענעם קוימען
זעצט אַ מידע זיך צו די לבנה.
דער שלאַנקער טאָפּאָל לייענט אין בלאַסן שיין
אַרויס דעם טיפן ווי פון איר פּנים.

אָפּט, 1947

## ב ע נ ק ש אַ פ ט

פון מיין הויז מיט די פענצטער די זיבן,
איז נאָר אַ גאַנצע מיין בענקשאַפט געבליבן.
זי בלאָנדזעטש אום אָן אַ היים
ווי אַ יתומדיק קינד.
אויף איר קוקט זיך אום נאָר
דער האַרבסטיקער ווינט.

לאָדזש, 1947

# יונגע מאַמע

דאָס פראָסטע בעט איז אַלץ נאָכנישט פאַרקליבן,
נישט צוגערוימט איז נאָך דער ברוינער דיל.
די יונגע מאַמע זינגט צום שלאָף איר קינד
אַ היימיש וויג־ליד אין דער שטיל.

די יונגע מאַמע האָט איצט דורך אַ טרער דערזען
די זון די גאָלדענע אין איר צעשטערטן הויז.
די באָבע טוט די ווייסע שיכעלעך איר אָן,
דער זיידע פירט אין גאָרטן זי אַרויס.

איר מאַמע אַ צעשטראַלטע קומט צו איר אין שאָטן:
— ביסט אַוודאי, הונגעריק מיין קינד.
מיט דעם ערשטן בלעטער־רויש לויפט־אָן דער טאַטע:
— קום אַהיים, עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינט.

דאָס שיינע ליד איז בלויז נאָך זיי פאַרבליבן.
צו הערן זינגען ווערט דאָס קינד נישט מיד.
דאָס פראָסטע בעט איז אַלץ נאָכנישט פאַרקליבן
זיך אויסצופוצן טראָגט נישט דאָס געמיט.

לאָדזש, 1947

## אין לאַנד פון דער ווייסל

אין לאַנד פון דער ווייסל און גרינע טאָפּאָליעס,
האָט דער פיינט ווי אַ היישעריק ווילד זיך צעלאָזן.
מיט צאָרנדיקן אימפּעט אויף שטעט זיך געוואָרפן,
און ליכטיקע היימען אין חורבות געלאָזן.

נאָר באַלד האָבן רעטער נישט ווייט זיך באַוויזן,
פון ערד דער באַפאַלענער גיך אים פאַרטריבן.
איצט ליגט אויפן פעלד וואו געברענט האָבן שלאַכטן,
זיין שטאָלענע גבורה אין שטויבן צעריבן.

אין לאַנד פון דער ווייסל איצט שטייען די זיגער,
באַביקסנט אויף וואַכטע די רו צו פאַרהיטן.
ווייל ערגעץ אין וואַלדיק־פאַרבאָרגענע טיפן
אָטעמט די שלאַנג נאָך — אויף שטיקער צעשניטן.

און זוכט אַלץ מיט שלענגישן גיר אין די אויגן
פון שאָטן אַרויס אויף דער ליכט זיך דערשלייכן.
נאָר מיט היטער געטרייע באַוואַכט זענען וועגן,
ס'זאָל מער די געפאַר צו דעם לאַנד נישט דערגרייכן.

**לאָדזש, 1947**

# האַרבסט אין גאָרטן

אין גאָרטן טריקענען די שטיינערנע פאָנטאַנען,
שוין אָפּגעוויאַנעט האָבן אַלע רויזן.
דער ווינט טוט־אויס די קוסטעס פון די בלעטער,
און לאָזט זיי אַלע נאַקעטע און בלויזע.

עס האָט דער לינדנבוים אין האַרבסטיקן געוויטער
זײַנע לאָקן די געקרײַזלטע פאַרלוירן.
דער קאַשטאַן וואַרט מיט מורא אין די צווײַגן,
אויף דעם זעלבן שוין פאַרפּסקטן גורל.

איבער גרינע הויכגעוויקסיקע טאָפּאָליעס,
האָבן וואָלקנס צוויי זיך ברודעריש באַגעגנט.
מיט טונקלקייט דעם הימל־בלוי פאַרצויגן,
און אַראָפּגעצעבערט אויף דער ערד אַ רעגן.

קוקט אַ מיידל אין דערמאָנונג דורכן פענצטער
אויף די נאַסע אָפּגעוועלקטע בלומען.
אין אַ טאָג אַזאַ אַוועק עס איז איר ליבסטער,
און פון שלאַכט צוריק שוין נישט געקומען.

**לאָדזש, 1948**

## ג ע ז ע ג ע נ ו נ ג

אָ, אומפאַרגעסלעכע ערד פון מיין געבוירן !
שוין באַשערט מיר אַזוי,
עס זאָל מיין קאָפּ זיך גרויען
אין גליאיקן שטויב פון פרעמדע וועגן.
קאָן זיין, אַז מיין טראָט
וועט מער זיך נישט באָדן
אין זאַפטיקער גרינקייט פון דיינע גראָזן.
דערפאַר שטיי איך לאַנג ביי דיין וואַלדיקער גרענעץ
און לאַנג זיך מיט דיר איך געזעגן.

1948

## דערמאָנונג וועגן מײַן חבר דעם שמיד

נאָך גרינט פאַר מײַן אויג די זאַפּטיקע לאָנקע,
דאָס טײַכל פינקלט — אַ זילבערנער רינג.
ביים ברעג שטייט די ווערבע פאַרזונקען אין טרויער,
איבער איר דער זינגפויגל היפּערט און זינגט.

אין קוזשניע איז טונקל, נישטאָ דאָרטן קיינער,
אַליין שמידט דאָס גליאיקע אייזן דער שמיד.
איך זע פון דער ווייט ווי עס שפּריצן די פונקען
און שלייך זיך אַריין מיט געהיטענע טריט.

אַ רגע פאַרשטומט ווערט דער קלאַנג פון זײַן האַמער,
פאַרכאַפּט פונעם סוד וואָס איך האָב אים פאַרטרויט.
ער ווײַזט מיר דעם וועג צו אַ שטעג אַ געהיימען
וואָס פירט מיך געשלענגלט צוריק צו מײַן הויז.

דער סוד וואָס מיר האָבן אין חלום געטראָגן,
ליכטיקט שוין היינט אין מײַן לאַנד אויף דער וואָר.
באַצאָלט פאַר אים האָב איך אין גרויליקן שטורעם,
מיט דעם בלאָנד פון מײַנע באַזילבערטע האָר.

פאַרשלונגען עס האָבן די שלאַכטן די הייסע
דעם שטאָלענעם גוף פון מײַן חבר דעם שמיד.
איך הייליק זײַן קיינמאָל פאַרלאָשענעם זכר
מיט לויטערן קלאַנג פון מײַן יידישן ליד.

**לאָדזש, 1948**

## פונוואַנען ?

פונוואַנען, דורך וועלכע פאַרוואָרפענע וועגן
ביסטו היינט געקומען מיין בענקשאַפט אַנטקעגן ?

און איך האָב געטראַכט אַלץ מיט אַנגסטיקן ציטער, —
פאַרשלונגען עס וועט דיך דער ווילדער געוויטער.

זאָג, וועלכער נס האָט געטריי דיך פאַרהיטן,
וואָס האָסט אין דעם שטורעם דעם טויט אויסגעמיטן?

איצט שווער איך ביים טאָג וואָס באַשערט איז
אונדזביידן :
כ׳וועל מער נישט און קיינמאָל מיט דיר זיך צעשיידן.

קאָן זיין, עס וועט ווידער אַ שטורעם זיך טרעפן,
טאָ זאָל ער אונדז ביידע אין אָפגרונט פאַרשלעפן.

און אויב ס׳וועט די וועלט מער נישט אָפגיין
אין פיינען, —
זאָל דער גורל צוזאַמען אונדז ליכטיק באַשיינען.

## באַגעגעניש

צווישן קופּעס ציגל, צעראַיעטע גריבער,
עס שטייט נישט פֿאַרברענט נאָר דײַן יתומדיק שטיבל.

דערין האָסט אַ לויטערע היינט מיך באַגעגנט,
אַ פרישע אַזאַ ווי אַ בלום נאָך אַ רעגן.

מיט זוניקן שמייכל דאַנקסט־אָפּ פּאַר די בלומען,
און פרייסט זיך מיט מײַן אומדערוואַרטעטן קומען.

אַ פאַרבענקטע דו וואַרפסט זיך אין מיינע אָרעמס,
דו ווערסט באַלד אַ ים וואָס האָט זיך צעשטורעמט.

און איך אַ צעגליטער פון מיידלשער סטיכיע,
דרוק פעסטער צום האַרץ דיך און קוש דיך
און קוש דיך.

באַלד ווער איך אינגאַנצן פון ליבע צעצונדן,
און קוש אויך די שפּורן פון דיינע וואונדן.

## אין וועלדל

לאָמיר זיך לאָזן אַוועק אויף שפּאַציר.
וועסט שפּעטער שוין וואַשן דאָס עסן־געשיר.

געדענקסט די פאַרנאַכטן פאַרן היטלערשן שטורעם,
מיר זענען געגאַנגען אין וועלדל געאָרעמט ?

די זון איז אַ רויטע פאַרגאַנגען דורך צווייגן,
מיר האָבן געשלייכט זיך פאַרוועבטע אין שווייגן.

געהילכט האָט אין לופטן דער פויגלשער זמר,
ביז גלי־פליגלעך האָבן צעפינקלט דעם דעמער.

זינט ס׳האָבן דייטשן די ערד דאָ באַטראָטן,
פול בלוט איינגעזאַפּט האָט דער וואַלדיקער שאָטן.

נאָר ס׳האָבן געיאַוועט זיך העלדישע רעטער,
מיט שווערד זיי פאַרטריבן פון פוילישן שטח.

## ג ו ר ל

דיך האָט דער גורל פון ביטערע גרוילן
געפירט איבער וועגן פון היימישן פוילן.

און מיך האָט פאַרטריבן דער גורל פאַרשייטער,
אויף הייסע און קאַלטע רוסלענדישע ווייטן.

דעם גורל וואָס האָט מיך אַהין דאָרט פאַרטראָגן,
איך דאַרף נישט באַוויינען און דאַרף נישט באַקלאָגן.

מיין פיין איז מיט דיינער דאָך נישט צו פאַרגלייכן,
מיט טרערן כ׳באַנעץ דיינע וואונדיקע צייכנס.

ווי דורך צווייגן די זון לייכט דורך טרויער
דיין שמייכל,
ווען גלעטסט מיינע האָר מיט די הענט דיינע ווייכע.

אָ, דו מיין מיידל, אין פיינען געלייטערט,
עס האָבן אונדז שטרעקעס און צייט נישט
דערווייטערט.

# עס רועט די קברים

עס רועט די קברים אויפֿן אַלטן בית עולם —
דער אייביקער זכר פֿון ייִדן אין פּוילן.

דער ווינט פֿליקט אַראָפּ פֿון די ביימער די בלעטער
און טראָגט זיי אַוועק אויף די חורבות פֿון געטאָ.

און אונטער די חורבות עס רועט די ביינער
פֿון קעמפֿער וואָס זענען געפֿאַלן ביז איינעם.

מיט פֿייער, מיט שטיינער, מיט נאַקעטע פֿויסטן,
געגאַנגען אַנטקעגן די לופֿעס אַנטבלויזטע.

די ווינטן צעפֿליגלען דעם רום פֿון די דורות
וואָס האָבן געבוירן אַזעלכע גיבורים.

עס רועט די דורות אויפֿן אַלטן בית עולם, —
דער אייביקער זכר פֿון ייִדן אין פּוילן.

# אַ מענטשלעכער אבר

די וואָלקנס הענגען אויף נאַקעטע צווייגן,
עס דרימלען מצבות אין האַרבסטיקן שווייגן.

עס וואַלגערט אויף ד׳רערד זיך אַ מענטשלעכער אבר
נעבן אַ גרויסן און אָפענעם קבר.

און אפשר איז דאָס אַ גליד פון מיין מאַמען,
וואָס האָט זיך דורך מיילן פאַרוואַלגערט פון וואַנען?

אָ, וואָס פאַרפירט מיך מיין קינדישער גלויבן ! —
מיין מאַמע פאַרברענט איז אויף אַשיקע שטויבן.

מיין מאַמע אַוועק איז מיט בלוטיקע רויכן
פון ברענענדיקע שייטערס אין הימלישע הויכן.

וואָלטן גערוט דאָ די נאָענטסטע מיינע,
אויף ד׳רערד איך וואָלט פאַלן און ווייגען און וויינען.

## מיינע היימישע זינגער

אויף שפורן פון לעצטע פאַרשוואונדענע יאָרן,
געלאָזט זיך אַוועק האָט מיין יונגער זיכרון.

געקלעטערט אין דמיון אויף הילצערנע שטיגן
אַרויף אין מיין ענגן נאָר היימלעכן שטיבל.

אָט זע איך מיין שוועסטער זיך זיצנדיק וויגן,
ביים זינגען אַ האַרציקן יידישן ניגון.

פון טעגלעכע זאָרגן טוט־אויס זיך די צווייטע,
די דריטע נעמט אויך זיי מיט טענער באַגלייטן.

פאַרשאָלטן אויף דורות זאָל ווערן דער גורם, —
דורך אים כ'האָב די היימישע זינגער פארלוירן.

געפאַלן אַראָפּ פון צעבראָכענע שטיגן
עס איז אין מיין האַרץ זייער אייביקער ניגון.

## אומרו

ניט אויפגעהערט האָט דיך דער אומרו צו טרייבן,
ער לאָזט דיך אויף פּוילישער ערד ניט פאַרבלייבן.

די אייביקע בענקשאַפט ניט ווייסט קיין קאַטאָוועס
און ציט דיך פאַרעקשנט אין לאַנד פון די אבות.

כ׳וואָלט אויך זיך אין וועג אין דעם זעלבן געלאָזן,
נאָר כ׳קאָן ניט דאָס אָרט פון מיין ניידן פאַרלאָזן.

מיט דער ערד האָט פאַרקניפּט אים די אַרבונג
פון דורות,
און מיך האָט דער גורל באַשערט פאַר זיין יורש.

עס טרעפט: אַזאַ בענקשאַפט באַפאַלט מיך אַזוי ווי
די בענקשאַפט פון צאַרטן יהודה הלוי.

נאָר ווער ווייסט דעם וואונדער דעם גרויסן באַשיידן?—
איך קאָן מיט דער פּוילישער ערד זיך ניט שיידן.

## צום לאַנד פון די טרוימער

אין שטויביקן נעפל דורך בערגער און צוימען
עס וואַגלען פון געטאָ די יידישע טרוימער.

פון ווייטנס עס פלעמלט אַ ליכט אין אַ פענצטער
און שרעקט אין דער פינצטער די
וואַנדער־געשפּענסטער.

פאַרטאָג. עס צערינט שוין די דעמערנע טונקל,
די זון האָט אַ רויטע אין ים צעפינקלט.

אָט באַלד וועלן שיפן אויף שוימיקע הויכן
צום לאַנד פון די אייביקע טרוימער דערגרייכן.

וועכטער ! ווער זענען די פליער דאָרט אויבן ? —
— דאָס ווילן באַפאַלן אונדז ימיקע רויבער.

נאָר ס׳ברעכן די שיפן די ימיקע צוימען
און שווימען אַלץ נענטער צום לאַנד פון די טרוימער.

**לאָדזש, 1948**

